קולטור-ליגע, קיעוו
קליינע ביבליאטעק „ליריק“

ל. רעזניק

# אין בלייבע אויפגאנגען

פארװארט — נ. אױסלענדער



מלוכע-פארלאג, קיעוו
1921

ל. רעזניק.

טריט נאָך טריט נאָך ל. רעזניקס שטענדיק פאַרגלויבטן און שטענדיק האַרמאָנישן ליד דער־נעענטערן מיר זיך ווירער צו דער ריינער ליריק, פון וועלכער די יונגע דיכטונג פּרואווט איצט מאכן טיילמאָל נאָוואַטאָרישע, און טיילמאָל סטאַם־ריזיקאַלישע שריט.

די דאָזיקע פּרואוון זיינען ל. רעזניקס ליד פרעמד, פונקט ווי עס איז ביכלאל פרעמד זיין לירישן וועזן דאָס עקספּערעמענטירן מיט דעם געזאָגטן וואָרט.

פון ליד צו ליד בויט ער נאָכאַנאַנד זיין בילדער־קרייז און, אַ פרעמדער צום דיסהאַרמאָנישן געפיל, דערגרייכט ער דערביי די גרעסטע באַשטימטקייט פון זיינע לירישע שטימונגען.

און גראָד די דאָזיקע באַשמימטקייט ווירקט צום מייסטן אין גאַנג פון ל. רעזניקס לידער.

---

שוין גאָר גרינג לאָזט זיך באַמערקן ל. רעזניקס אַ כאראַקטעריסטישער שטריך.

ער האָט צו טון קימאַט אויסשליסליך מיט ליכט-שטאָף. זיינע אַרט-באַצייכענונגען, ווי די „שקיע-שטאָט", „דאָס לאנד פון פארלאָשענע פייערן" טרעטן אַרויס מייסטענס ווי ליכט-איינדרוקן. די רויטע שערבלאַך שקיע פון ל. רעזניקס א ניי ליד, פונקט ווי די „קאַלטע פייערלאך" פון זיין ערשטן ליד „דרייען" זיינען ווידער ליכט-עפיזאָדן.

און ווען ל. רעזניק טרויט אָן זיין וועג דעם „רויטן לאמטערן", אָדער ווען ער טוליעט זיך צום נר-תמידס

געיארשענטע פונקען
פון צעשראקענע דוירעס

– קלינגט דאָ יעדער מאָל פאַר אונז איין און די זעלבע ליכט-שפראַך פון ל. רעזניקס ליריק.

עס איז אָבער ניט שווער איינצוזען, ווי די דאָזיקע ליכט-איינדרוקן גרופירן זיך דאָ אַלע אַרום איין מאָמענט, אַרום דעם סאָף פון דער נאכט.

נישט איבער דער נאַכטס „פארוויגטער טיף" באַווייזן זיך און שימערן די ליכט-זעדים פון ל. רעזניקס בילדער,

זיי באַוויַיזן זיך אַף די „ציטעריקע טאָלן״ פון סאָף-נאַכט, אין „גרויען געשווינדל״, ווען

א נאכט דערגייט,
פארכלינעט זיך אין לויטרער ווייט ...

און דערפאַר איז אַזוי איגנאַרטיק די דאָזיקע ליכט-שפּיל, וואָס גיט געטריַי איבער ל. רעזניקס לירישע שטימונגען.

---

עס קלינגט קימאַט סארקאסטיש:

מ׳ווארימט זיך ביי טליענדיקע הײַנטן
און גרויס איז די פרייד! —
„עס וועלן שוין פלאקערן אלע פארטאגן״—
גרויס איז די פרייד! ...

דער דאָזיקער סאַרקאַזם דערוועקט זיך ביי ל. רעזניקן אומעטום, וואו עס רעדט זיך וועגן א טאָגס אָנקומען. עפּעס האָט ל. רעזניק פאַרנומען פון די „טויבע טאָמידן״, אז

שטענדיקע
באגינענס
דעמפן בלויען,
קאלטע בלויען
ביי דעם קוואל...

פונקט אזוי ווייסט ער אויך, אז ס'איז דאָ

קאַלטער טרויער
אין פאַרטאָגעדיקן לאַנד...

אין ווען ער דערציילט אונז וועגן

דאָס סקריפּען פון א וועלט,
וואָס כאַפּט א קוק,
ווי הימל העלט
און רודערט זיך דערנאָך
די גאַנצע צייט
ביז גרויסן טאָג—

איז אונדז שוין קלאָר, אז פון ערגעץ אַ טיפערן קוואַל שטאַמט אָט דער ניט-אָפּשיי-האָבן פאַרן פאַרטאָג, אָט דער דיכטערישער ווידערווילען צום טאָגס העלן אָנקומען.

אַן אַריינגעצויגענער אין דער ליכט-שפּיל פון כאָף-נאַכט, באַציט זיך ל. רעזניק צו דער סאָף-נאַכט נאָך מיט א מין פאַרגלויבטקייט, א מין ריטערליך געפיל. און עס איז נישט אומערוואַרט פאַר אונדז, ווען ביי ל. רעזניקן באַווייזט זיך דאָס געשטאַלט פון דעם „ריטער פון סאָף-נאַכט".

אין אַלגעמיין איז ל. רעזניקס ליד אַ מוזיקאַליש-שטיקע. זעלטן-ווען טרעפן זיך דאָ די שפּילעוודיקע כיינעץ פון אַ פאַרפּוצטן וואָרט, זעלטן-ווען איז אונדז דאָס ליד מעזאַקע מיט אַ שאַלנדיקן גראַם.
ל. רעזניק פאַרטרויט מער זיַין בילדערישקייַט דעם גאַנג פון שטענדיק-אויסגעהאַלטענעם ריטם.
אָבער איין פאַל מאַכט ל. רעזניק אַן אויסנעם. דאָס איז דעמאָלט, ווען ער דערציילט וועגן דעם „ריטער פון סאָף-נאַכט":

פון דער סרייפע
אינם אלטן וואלד
האט דער הארן
אפן טורים אויפגעשאלט,
אפן טורים,
וואס אין ברענענדיקן וואלד.

עפּעס נייעס פאַר ל. רעזניקס שטימונגען זאָגט דאָ אָן דער ריטם. עפּעס זאָגן דאָ אָן די קלינגענדיקע גראַמען. די באַלאַדע פון „ריטער פון סאָף-נאַכט" איז דינאַמיש, ווי דאָס טרעפט זיך זעלטן ביי ל. רעזניקן. און די אַקאָרדן פון די „טויבע טאָמידן", וואָס באַהערשן שטענדיק ל. רעזניקן, זיינען מער ניט אזוי האָפענונגסלאָז, ווי אין אַנדערע לידער.

יונגע ריטער
רייטן אפ אין גרויסן בראנד ...

אַזוי ענדיקט זיך די דאָזיקע באַלאַדע. און צוזאַמען מיט איר ענדיקט זיך אַן עטאַפּ פון דיכטערס לירישע שטימונגען.

צי וועט זיך ל. רעזניק דורכרייַסן צוזאַמען מיט די יונגע ריטער דורך די „טויבע טאמידן", צי ביין—יע־דענפאַלס כאַראַקטעריסטיש איז, ווען בייַם סאָף פון זייַן ערשטן עטאַפּ מאָלט זיך איצט ל. רעזניקן:

אויפגעזונגען
ווייסע קלויסטערס,—
גאלד באגליטע
ווייסע לידער ...

און דאָס קלינגט שוין אויך, ווי אַן אָנזאָג.

נ. אויסלענדער.

*

נאַכט!
ביי סאַמע ברעג
פון דיין פאַרוויגטער טיף,
פאַרביי די גלעזערנע
פאַרמאַכטע טויערן
פון אַלע דיינע וויטן, נאַכט!
פאַרביי די שטילע טויערן—
האָב איך פאַרוואָרפן היינט,
מיט אַלע נאָך אַזוינע,
מיין לעצטן וועג,
פאַרלוירן איינציקווייס
מיינע בלויע טעג.

און דו סט׳אַרויסשיקן
די שוימרים פון דיין שוועל,
די בלייכע היטער פון דער נאַכט
אַף אונדזער גאָלדנעם שפור,
און אָנזאַמלען

די הויפנס בלויע טעג
ביי שטילע ווענט;
ווערסט אויפּבויען
פון אליצרעס אונדזערע
דיין רויטן שלאָס,
און זיילן גלעזערנע
אַרויסשפּעלן
אַף אונדזער שמאָלן וועג,—
ווערסט אויפבויען, אָ, נאַכט,
דיין לויטערן פּאַרטאָג!

נאַכט!
דאָס איז געווען
מיין לעצטער וועג,
איך האָב אַליין
צעוואָרפן איינציקווייס
מיינע אַלע בלויע טעג.

*

פרעמדער ברודער,
ריגל אָפּ דיין טיר!
איך האָב געבראַכט פונוויטנס
ווייטן שטויב,
און שווער איז טוי
פון די פרימאָרגנס אַף מיין וועג.

ריגל אָפּ די ריגלען פון דיין טיר,
און קני פאַר מיר,
און שוויג מיט מיר.

פרעמדער ברודער!
מאָרגן וועט ניט קניען קיינער
ביי דיין שוועל.

*

טאָמער
איז דיין טרויער
גאָר אַ טויב
ביי בלויע קוואַלן—
זאָל איך זאָגן
אַלע גייער,
וואָס איך ווייס?

זאָל איך זאָגן,
אַז ס'איז אויסגעשעפּט
די טרייסט?

כ'האָב אַרויסגעשיקט
קאַיאָרן
שפּינען שיין.
אין דיינע טאָלן,—
שפּינען שיין
אין דיינע ציטעריקע טאָלן.
האָבן טעכטער
מיך באַשוואָרן

לעשן פייערן
אין טאָל—
מיך באַשוואָרן
ביי סאָף-זומערדיקן גאָלד.

קומען שטענדיקע
באַגינענס.
דעמפן בלויען,
קאַלטע בלויען
ביי דעם קוואַל.

זאָל איך זאָגן
אַלע גייער,
וואָס איך ווייס?

זאָל דערציילן,
אַז ס'איז אויסגעשעפּט
די טרייסט?

*

און אַלע פרימאָרגענס
באַפרייַען פון גאָלדענע נעסטן
די טויבן.
זאָל איך ניט גלויבן?
זאָל איך ניט גלויבן?

און ווען מיינע גאסן
באַהערשן בייטאגיקע שטויבן,
און גרוי זייַנען גאַסן
אין שטויביקן שווינדל,
זאָל איך נאָך גלויבן?
זאָל איך נאָך פייערן צינדן?

*

צעעפן איך מיין אויג
אף גרויער וואַנט,
און לייען שלעפעריק און פויל
דעם סאָף פון נאַכט,
וואָס האָט אין וועלטן זיך פאַרטראַכט,
און דריקט זיך דאָ
אַף גרויער וואַנט.

מיט קאָפּ אין קאָלדרע איינגעדעקט—
פאַרנעמט מיין אויער פון דער ווייַט
דאָס סקריפּען פון א וועלט,
וואָס דרייט זיך אים
פון זייט אף זייַט,
און טוט אַן עפן אויף אַן אויג,
און כאַפּט א קוק,
ווי הימל העלט,
און רודערט זיך דערנאָך

די גאַנצע צײַט,
ביז גרויסן טאָג,

איך ליג און הער מיך אײַן...

אַ נאַכט דערגייס,
פאַרכלינעט זיך אין לויטרער ווייט —
א יונגער מאָרגן
הילכט אין וועלט אַריין,
און רייט...

איך קוק מיר הינטערווייל
אַף גרויער וואנט,
און לייען שלעפעריק און פויל
דעם סאָף פון נאכט,
וואָס האָט אין וועלטן זיך פאַרטראכט...

*

שנייאיקע אָנפליען
האָבן גענומען
פאַרדרייען, פאַרשפינען
מיט גרויען געשווינדל
מיינע אַלע ארומען.
און איך האָב געלויערט
מיט אוראלטן פּאַכאַד
אין כוישען פון היילן:
כ׳האָב זיך געטוליעט
צום קאַלטן ניירטאָמיד—
געיאַרשנטע פונקטן
פון צעשראָקענע דוירעס
אין וואַלדישן טונקל;
כ׳האָב זיך געטוליעט מיט אוראלטן פּאַכאַד
אין הייליקן ווינקל.

*

מ׳ווארימט זיך ביי טליענדיקע היינטן,
און גרויס איז די פרייד!—
„עס וועלן שוין פלאַקערן אַלע פּאַרטאַגן!״ —
גרויס איז די פרייד!

און איך האָב באַפּוילן
מיין רויטן לאַמטערן
אף פעלדישע אָנשבייען.
אין זיין עלנדן אָפשיין
אַף שנייאיקע ווייסן
וועט צאַפּלען א מאָרגן,
זיך קאָרטשען
אין מאַריוודיקע ווייען,
און איך וועל אים נאָכגיין

אין לאַנד פון פּאַרלאָשענע פייַערן;
ערגעץ רויכערן זיך טליענדיקע הייגטן
און קוקן אַרויסעט
אַף העלע פּאַרטאגן...

און מיין רויטער לאמטערן —
אַ פונק א פּאַרגעסענער
אין אייביקן העפקער
פון ווייסן אַליין.

פּאַרווייט זיינען אויסוועגן
אינם לאַנד
פון פּאַרלאָשענע פייַערן.

*

טויבע טאָמידן.
צעהוידען
זייער קלינגענדיקן גלאָק.
נעמט אויף אַ טאָג!
נעמט אויף אַ טאָג!
בין איך מיר—און שפּין מיין בלויע פּאָדים-שיין.
היינט וועט קיינער ביי זיין שוועל ניט זיין!
נעמט אויף דעם טאָג!
נעמט אויף דעם טאָג!

רויטע שערבלאַך שקיע
קלינגלען
אין די מאַרקן פון דער שטאָט.
מע שמעלצט אַ גאָט
אין מאַרק פון שטאָט!
בין איך מיר—און שפּין מיין בלויע פּאָדים-שיין.
טויבע טאָמידן
צעגליען פייערפאַנען פיין.
פאַר גאָלדנעם גאָט
אין שקיע-שטאָט.

*

איך זוך שוין ווידער דורכלויכטן געשליפענע
פון אָפּגעבליאקעוועטן גאָלד
אין קאַלטן פּלאָנטער פון די בוימער-שפּיצן,
בשאַס פאַרנאַכטיקן ניט-וויסן וואָס צו טון.

עס וועט שוין היינט אַ כּוישעכדיקע נאַכט
זיך טוליען צו צעלייגטע פייערן,
און איינשלאָפן געשמאַק
אין קעלט
פון פעלדישע, פאַרטאָגעדיקע שאָען.

איך גיי שוין ווידער אומעט אַ דערשלאָגענער
פון בלייכע אויפגעגאַנגען,
וואָס צאַפּלען זיך אין ווינטיקן פאַרטאָג,
און צאַפּלען אויס אַ זון אַן-איין-און-איינציקע
אַף אַלע אויסגעטראכטע וועלטן
פון מיין קוים דערוואַרטן טאָג.

אין טומלעניש פון ביז פאַרנאַכט,
בין איך שוין איינגעוועבט אין בלויען אומעט—

אין אומעט פון אַ זון אַן איינזאַמער,
וואָס שלעפּט זיך אום
אַרום מיין לעצטן גלעזערנעם געצעלט.

און ערגעץ־לאָקערן שוין רעגנדיקע מאָרגנס,
אַף פאַנגען זי, מיין זון, די איינציקע,
אין קאַצען פון איר טעגוויים טריבע גלאַנצן,
און קאַצן, קאַפּען, איבער ברונימס אָנגעגאָסענע
אין ליידיקן, אין אויסגעווייקטן פעלד.

איך קוק שוין ווידער אַ דערשלאָגענער
אַף דורכלויכטן געשליפענע
פון אָפּגעבליאַקעוועטן גאָלד.

*

שפּייט שוין געבויגן
ביי שטויביקע בייטן
דער היטער פון גאָרטן...

קום צו מיר מאָרגן
מיט פריען פרימאָרגן
צום גאָלדענעם ביידל
ביי פארלאָזענע בייטן —
קום מיט מיר מאָרגן
דעם זומער באַלייטן,

קום מיט מיר מאָרגן
שפּינוועבסן שפּינען,
און פעדימער דינע
פארהיינגען אַף אויסגיין
פון העלישע היצן;

מיט שפּינוועבס פאַרוועבן
אין גרינבליכן ציטער
אַ היטערס אַ ביידל
ביי גאָלדענע בייטן,

קום מיט מיר מאָרגן
דעם זומער באַלייטן.

*

פון דער סרייפע
אינם אלטן וואלד
האָט דער האָרן
אַפּן טורים אויפגעשאָלט,
אָפּן טורים,
וואָס אין ברענענדיקן וואלד;

שטייען אויפעט
ריטער פון סאָף-נאכט,
שווארצע ריטער,
וואָס אף שאַלן האָבן שוין געווארט,
און געריכן
שוואַרצע פאָנען פון דער נאַכט.

אָנגענומען
פלאמען פולע הענט,
פולע הויפנס
וואלד, וואָס ברענט,
האָבן ריטער
מיט די שוואַרצע פאָנען אין די הענט.

**זיבן מאָל**

ארומגעריטן עקן וועלט,
שוואַרצע פּאָנען
אף די ווײַטע הויכן אויפגעשטעלט—
שווארצע פּאָנען—
אומעטום, אף הויכן פון דער וועלט.

קאלטער טרויער
אין פאַרטאָגעדיקן לאנד.
יונגע ריטער
רײַטן אָפּ אין גרויסן בראנד,
און פאַרטראָגן
רויטע פלאמען פון דעם טרויעריקן לאנד.

*

די זיינגער פון מיזראַך
מיט גאָלדענע גלעקער,
מיט גאָלדענע גלעקער.

זיי וועלן היינט פאַנגען
די ערדישע טעכטער
אַף שטילן געלעגער
מיט קלינגען
פון גאָלדענע גלעקער.

האַרנטעס ווייסע!
טעכטער פון פרישן פרימאָרגן!
איך, נישטיקער קנעכט,
אינם טונקל פון שטילע געלעגערס,

איך בין היינט געפאנגען
מיט ערדישע טעכטער
פון זינגער,
וואָס קלינגען
אין מיזראך
אין גאָלדענע גלעקער.

*

אויפגעזונגען
ווײַסע קלויסטערס,—
גאָלד-באַגליטע
ווײַסע לידער,—
אויפגעזונגען
אף די הויכן
פון מײַן העלישן בײַטאָג,
אף די הויכן
פון מײַן גרינער שטאָט.

בלינדע בעטלער בלײַבן אײַנציקע אף טרעפּ!
בלינדע בעטלער ברענגען שטויבן פון די מערק,
צו די קלויסטערס,
אויסגעכאָלעמטע
אף בערג.

ווײַסע קלויסטערס—לידער אויסגעזונגענע,
אף מײַנע גרינע בערג.

# אינהאַלט:

קליינע ביבליאטעק

— ל י ר י ק —

ערשינען:

ד. ה א פ ש ט ײ ן—זונען-שלייפן.

ל. ר ע ז נ י ק—אין בלייכע אויפגאנגען.

גרייט צום דרוק:

פ. מ א ר ק י ש—אוונט-שאען.

א. ק ו ש נ י ר א װ—װענט.

נ. א ו י ס ל ע נ ד ע ר—פּראנט.

י. ט ש ײ ק א װ—סקולפּטור.